**לאָמיר** גיין אַזוי ווייט, אַזוי ווייט, אַזוי ווייט —
אַריבער דעם גאַנג פון דער ערד און שפּאַנרונג פון צייט.

לאָמיר גיין, ווי עס גייען צוויי ווינטן ביינאַנד, אַזוי נאָנט
אַריבער פאַרמעסטונג פון אויגן, ווייטער־נאָך פון האָריזאָנט.

אַריבער די וואָרצלען פון שטערן — אַזוי ווייט לאָמיר גיין
און זען אונטער אונדז ווי די הימלען אין גאַנצן צעגייען.

* * *

לאָמיר שטיין מיט די פיס איינגעוואַקסן אַזוי טיף, אַזוי האַרט
ווי דעמבעס פאַרקנופּט און פאַרבונדן מיט ערדישער האַרץ.

און די וועלט אויף איר אַקס מיטן רוקן צו אונדז ווי זי שטייט
זאָל מיט איר ליכטיקן פּאָנעם צו אונדז ווערן איבערגעדרייט.

# אויפדערנאַכטצו

שמעקט די שטאָט מיט יאָם־לופט אויפדערנאַכטצו.
ס׳רעדט זיך אויס דאָס האַרץ אַ ווינט פאַר זעגלשיפלעך.
שלעפּט זיך וואו אַ וואָלקן אין ווייטן, ווי אַ פראַכטצוג
און שטערן צו לעוואָנע שרייבן ליבע־בריוולעך.

רו אויף שטילע וואַסערן פון שטאָטישע קאַנאַלן,
לאָמפּן פלעכטן קרענצלעך פון אָוונטיקע ליכטער.
דוכט זיך, אַז אין וואַסער ווערט די זאָרג פאַרפאַלן
און די גאַסן וואַשן זיך מיט ווינטלעך די געזיכטער.

שווימען ווייסע שוואַנען בלאָער נאַכט אַנטקעגן.
הינט אין פאַרקן פאָרן זיך, לעוואָנע קוקט פאַרשעמט.
אין האַפן האָט דער הימל מיט שטערן זיך צערעגנט
און זעגלען זיך פאַרמאָסטן האָבן איינגענומען די פרעמד.

שטאָט, האַלב־שיקער אַנגעטאָן אין לאָמפּן און אין בריקן —
אַ וואַסער־טאַנץ אין עלבע טאַנצט אויס אויפדערנאַכטצו.
מיט רעגנס אויפן רוקן לענדער צו דערקוויקן
שלעפּט זיך וואו אַ וואָלקן אין ווייטן ווי אַ פראַכטצוג.

אומעטיקע לידער און געלעכטערס שמוציקע,
פידלען און גאַרמאָניעס שפּילן אויף אַן אָוונט־ליד.
יאָם־לייט אין די קנייפּעס מיט מיידלעך פרעמדע דוצן זיך —
דאָס העפקערדיקסטע ליד זינגען די, וואָס האָבן ניט.

שמעקט די שטאָט מיט יאָם־לופט און מיט ווינטן, ווי אַ דאַמפער.
אין די אָרעמע קוואַרטאַלן פודערט נויט איר פּאָנעם —
אין האַרץ פון אָקעאַן קומט פאַר אַ בייזער קאַמף־וואו,
פון זעגלשיף מיט וועלן, פון וועלן מיט לעוואָנע.

# מאַטראָזן ליבע

שנעלער, שנעלער
הייך איין מיין האַרץ מיט ווערטער.
מיט פייערן מיט העלע
ברענען זאָלן רייד.
נענטער, נענטער
דיין לייב צו מיר דערנענטער
אויף קושן און אויף צערטלען
ביז פייערדיקן טויט.

הייסער, הייסער
פון ווינטן ביים עקוואַטאָר
דערלאַנג זיך אַ צעפלאַטער
ווינטן טראָפּישע פאַרשעם.
לייב אין לייב פאַרפלאָנטער,
ליפּ אין ליפּ פאַראַנקער,
אַז עס זאָל דיין נאָנטקייט
מיך געבן אַ צענעם.

גיכער, גיכער
מיט אויגן זיך צעוויכער
זאָל שטערענען מיט ליכטער
אויף מיין הינטישן געביין.
קרעפּטיק, קרעפּטיק
אויף ליבן ביז פאַרניכטן —
אַ לעבן אָפּגענעכטיקט
אויף יאַמען מיט געוויין.

שנעלער, גיכער, פאַרשייטער און צערייצטער,
אַז פלאַצן זאָלן הערצער פון ליקערדיקע רייד.
אויף מיין בלאָנדן טרויער דערלאַנג זיך אַ צעפלייץ היינט,
גיב זיך אַ צערעגן, פרילינגדיקע פרייד.

וואָלף יונין

# זי שרייבט:

האָסט מיך צוגעפירט צום קאַרשן־בוים,
צום קאַרשן־בוים און געלאָזן שטיין
און אַליין ביסטו אַוועק—ווער ווייסט וואוהין.

ס'איז שפּעטער האַרבסט און אָפּגעבליט,
שוין אָפּגעבליט דער קאַרשן־צוויט.
ווי דו, דער פרילינג איז אַוועק—ווער ווייסט וואוהין.

פאַר מאַי־און ווינט האָסטו מיך פאַרגעשטעלט,
מיך פאַרגעשטעלט און אין דער וועלט
מיטן ווינט ביסטו אַוועק—ווער ווייסט וואוהין.

ס'האָט דער טייך פון מיר זיך אויסגעלאַכט,
זיך אויסגעלאַכט, ווען כ'האָב געטראַכט
צו גיין מיט דיר און מיטן ווינט—ווער ווייסט וואוהין.

שוין פרילינג דאָ צוריק אין לאַנד,
צוריק אין לאַנד דער מאַי־ווינט שפּאַנט,
פּונקט ווי דו האָסט דאַן געשפּאַנט—ווער ווייסט וואוהין.

נאָר דער קאַרשן־בוים האַלט איין זיין צוויט
ביז פאַר אים און מיר אַ נייע ליד
וועסטו ברענגען און אונדז מיטנעמען—ווער ווייסט וואוהין.

מיך ציט צו דיר ווי דעם ווינט צום יאַם.
און דער יאַם—דו ווייסט דאָך מינאַסטאַם,
צו וועמען ס'ציט דער יאַם זיך און—וואוהין.

דער אָוונט דעקט מיין פּאָנעם צו,
פּונקט אַזוי מיך צוגעדעקט האָסטו
און—אַוועק מיט מיין רו—ווער ווייסט וואוהין.

## ער ענטפערט:

די זון האָט פאַרזיגלט מיט גאָלד פון איר פּאָנעם
דעם יאַמיקן שפּיגל,
מאַריקאַ.

מיט דיינע אויגן—צוויי האַלבע לעוואָנעס—
האָסט מיין האַרץ אויפגעריגלט,
מאַריקאַ.

ס׳רעדט דער ווינט טעלעפאָן דורכן יאַם מיט דער ערד
ווי זאָל איך אָבער ריידן,
מאַריקאַ.

צו דער גאַנצענער וועלט איז מיר ריידן באַשערט
נאָר ניט צו אונדז ביידן,
מאַריקאַ.

יעדעס וואָרט פון דיין בריוו—אַ טירקלנע טויב
מיין האַרץ קרייזט אַרומעט,
מאַריקאַ.

דיין אויג אין מיין אויג—האַלב לעוואָנע אין שויב,
וואָס לאָקט מיט איר אומעט,
מאַריקאַ.

דו אייפערסט דעם ווינט און איך אייפער דעם שלאָף,
וואָס קושט דיינע אַפּלען,
מאַריקאַ.

איך קוק אויף דער נאַכט ווי מען קוקט אויף אַ שטראָף,
מיט בייזע שוואַרצאַפּלען,
מאַריקאַ.

אַריינבייסן זיך אין דער ערדישער ברוסט,
פאַרפלאַנצן די ליפּן,
מאַריקאַ.

ווי קיינמאָל פון יאָם ניט געהערט, ניט געוואוסט —
מיט דער ערד זיך פאַרקניפּן,
מאַריקאַ.

מיין בריוו וועלן שטעמפּלען דער ווינט און דער טרויער,
וואָס וואוינען אין פּאָרט, דאָ,
מאַריקאַ.

אין מיר איז געשטאָרבן דאָס בלוט פון א פויער
איז ווײנט ער, דער גאָרטן,
מאַריקאַ.

# היינט

היינט בין איך פון הוילע אויג
און מיין געדאַנק פון שפּיגל.
פון אַ ווינט גראַציעזער איז מיין בויג
און גרינגער זענען מיינע הענט פון פליגל.
כ׳האָב אַזוי נאָך קיינמאָל־ניט געשפּירט—
מיין בלוט איז היינט מיט פייערן צעפירט.

דורכזיכטיקער בין איך פון עטער,
לייכטער נאָך פון וואַסער־שטאָף.
כ׳הער די וואַקסנדיקע ביימער־בלעטער
ריידנדיק פון שלאָף.
היינט איז אַזוי געשליפן מיין געהער—
כ׳הער געדאַנקען פון דער טראַכטנדיקער ערד.
— — — — — — — — — — — —
היינט בין איך פון הוילע ליד.

וואָלף יונין

# ציטרינענע נאַכט

ציטרינענע נאַכט. פאַרליבטע בלאָ־אַפּלען פון שטערן.
אַ דינער געזויש פוןביימערנע שאָטנס אין טייך.
אומפאַרשעמט—מיט אַ ליד אַפּריליקע שיינקייט צעשטערן
און מיט אַ שטיין צעברעכן דעם שפּיגל פון טייך.

פון שוואַלבישער נעסט אַ פויגל איז פאַרלאָרן געגאַנגען.
פליענדיק האָט עס אַ צערטל געגעבן מיין באַק.
מיר האָט זיך דערמאָנט—בלאָנדע וויעס פון זאַנגען,
ווי ס'האָט זיך געשפּילט אַ ווינטל מיט זיי אויף מיין באַק.

די ערד ליגט צעקושט פון בלאָ־האָריזאָנטיקע ליפּן.
כ'אייפער, אַז ס'כאַפּט מיך דער טייוול. איך אייפער אַזוי.
גוט וואָס עס ליגט די לעוואָנע אין טייך מיט צעבראָכענע ריפּן
און וואָס אונטער מיין האַנט געפינט זיך ניט איצטער קיין פרוי.

# ניינציק פינגער

(דעם ליכטיקן אָנדענק די פאַרפייניקטע
פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּאַשיס־
טישן פוילן)

.1

עס שרייבט דער הויכער צאַליע שמיד,
וואָס אַרבעט אין דער קוזניע ביי געדאַליען:
„לעצטן מאָנאַט האָט מען יאַטן ניין געשמידט
אין קייטן הענט און פיס
אַזוי צעכמאַליעט
פירנדיק צום טפיסע פון געריכט
און נאָכדעם אין „ספּעציעלן קאַמער״
ניינציק פינגער איבער ברענענדיקע ליכט
(די הענט אין אייזערנע בראַסליעטן איינגעקלאַמערט)
געמאַטערט און געפייניקט:
„גיט לאָשן, זין, איר קורוועשע,
די איבעריקע מיטגלידער ווער זיינען״.

נו, איז אַוורעמל (איינגאַנצן אַ יאָר זעכצן)
אַראָפּ טאַקע פון זינען
נאָר קיין נאָמען ניט דערמאָנט אויף זיינע ליפּן.
און די איבעריקע אַכט, אַפילע קרעכצן
האָבן זיי זיך ניט געוואָלט פאַרגינען
פאַר די שפּיקעס. און געשוויגן.
קוים וואָס כעוורע זשיפּען.

.2

אָט האָט דער הויכער צאַליע שמיד
מיר צוגעשיקט אַ בריוו.

און גיי,
פון ווערטער, גיי, ניי אויף אַ ליד
מיט שמייכלען פּוץ עס אויס,
ווען ס'קערן טעג מיט פּיין
די גאַסן אויס.
און גיי,
גיי זעץ אַריין
אַ וואָרט
אין אָרט,
וואו ס'דאַרף אַ מעסער צוגעגאָגלט זיין.

3.

וואָס ווײנט אַזוי דער יאָדלע־וואַלד, וואָס ווײנט ?
— ניט עמעס, דער וואַלד האָט קיינמאָל ניט געוויינט.

טאָ, ווער־זשע שרייט אינמיטן נאַכט געוואַלד ?
— דאָס שרייען ניינציק פינגער, ניט דער וואַלד.

פאַרוואָס־זשע שרייען ניט די ביימער ווען אין וואַלד עס ברענט,
ווען עס פלאַקערט ווילד דער וויטאָק פון צעברענטע הענט.

ווי קענען אויסהאַלטן וועלדער דעם געשריי ?
— וועלדער קענען ניט, נאָר שפּיקעס יאָ, נאָר זיי.

וואָס־זשע טראַכט די וועלט צו טאָן מיט יענע „זיי" ?
— ניט יעדער טראַכט דאָסזעלבע—איין וועלט האָט וועלטן צוויי.

איז איינע טראַכט אַז נאַכט זאָל אייביק זיין
און שלאָגט אַריין אין אונדזער שיין אַ שוואַרצן פּיין.

די צווייטע גרייט פאַר זיי, די טויט־מאַכער, דעם טויט
דעריבער ציטערט אויף די הינט די געלע הויט.

טאָ, ווער־זשע שרייט אינמיטן נאַכט געוואַלד?
— דאָס שרייען ביינציק פינגער, ניט דער וואַלד.

ווי קומט עס, וואָס אין יאָדלע־וואַלד ליגט רויטער שניי?
ס׳איז ניט קיין שניי, נאָר בלוטיקער געשריי.

ס׳איז ניט קיין וואַלד און ניט קיין שניי —
ס׳איז פלייש און ביין
ס׳איז דו און ער און אַלע איר—און איך אַליין.

וואָלף יונין

# ערשטער שטאָק

4.

יעשטשע פּאָלסקאַ ניע סגיניעלאַ
— פּייניק, ברען!
יעשטשע וואודקאַ ניע סקוואַסניעלאַ
— אַמען!

דערפּער פויערן פאַרשמיסן
— מאַטשיע כליעב!
זאָלן וויסטע כלאָפּעס וויסן,
פּשיאַ קרעוו!

יאָד אין אויגן וועט פאַמעלאַך
מאַכן בלינד;
און דאָס רעשט וועט שוין דער גאַלאַך . . .
סקורווי סין!

זאָג, ווער זיינען די כאַוויירים,
הונט — רעד!
— זעץ אים אויסעט אַלע ציינער,
פּשיאַ לעפּ!

פּאַסעווע מיט בליי דאָס לייב אים
שטיק! בראָט!
און אין פּראָטאָקאָל פאַרשרייב אים:
אָן אַ גאָט.

פלעשלעך וואַסער! הייסע בלעכן!
— לאָשן גיב!
מיט די פּאָדקעווועס צעטרעט אים
און צעזיפּ!

צענעם דאָס מויל, שליס אויף די ציינער
וואָרעם, רעד!
— — — — — — — — — —
ס׳האָט קיין וואָרט, קיין וואָרט ניט קיינער
אויסגערעדט.

# צווייטער שטאָק

5.

טויזנט זלאָטעס . . . אַ שטעלע . . . גיב נעמען,
מיט גוטן זאָג אויס;
מעסערס אין שמייכל, שלאַנגען אין ברעמען —
דער אויספאָרשונג־ריכטער פרעגט אויס.

די צע. קאַ. וואו געפינט זיך? און דער דרוק?
גיב אָן דעם אַדרעס.
דער יונג האָט באַפּעלן צו שווייגן זיין בלוט,
אַ שלאָס האָט די ליפּן פאַרפּרעסט.

אַ גלעקל. די וואַך. אַ באַפעל:
צעבינדט אים די צונג.
אַ טיגער פאַרפוצט אין אַ מענטשלעכער פעל
האָט דערלאַנגט זיך אַ שטעל.
די וואַנסעס פאַרדרייט; אין לאַץ—אַ בלום.
די וויסלען מיט בלוט. די נעגל לאַקירט—
אַ שטויס און אַ ברום: קום!
און—
פון אויספאָרשונג־ריכטער אַרונטערגעפירט.

# קאַמער נומער דריי

6.

דאָס אייזערנע טירל טריפט מיט קעראָסין
און שאַרנירן סקריפּען ניט ביים עפענען און פאַרמאַכן.
גליקלעכע די וועגט וואָס זענען טויב און בלינד
און קאָנען רואיקע דעם פיין צוקאָפּנס וואַכן.

דאָס אייזערנע טירל פון קאַמער נומער דריי
האָט קנאָכן צעבראָכן און נעגל געריסן.
נאָר פון צינגער קיין סאָד זיך דערוויסן
ניט געקאָנט סיי־ווי־סיי.

דער צעמענטענער דיל איז מיט בלוט איבערזאָט
נאָר ניט זאָט זענען ריכטער און שפּיקעס ;
זיך געאייצעט מיט בליי, און מיט שווערד זיך באַראָט—
גיי פאַרניכט און ראָט אויס באָלשעוויקעס.

גיי ראָט אויס אַ פּאַרטיי, וואו ס'איז יעדערער גרייט
פאַר איר שטאַרבן מיט טויטן מיט זיבן,
אַ פּאַרטיי, וואָס קיין טויט איז פאַר איר ניט קיין טויט !

7.

ווער האָט אַריינגעיאָגט אַ קויל אין הימל
און פאַרבלוטיקט אונזער נאַכט ווער האָט ?

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

די וועלט האָט זיך פאַרהאַלטן פון איר דריי
צוליב דעם ברענענדיקן פלייש אויף אירע אַקסן,
פון יעדן טראָפּן בלוט פאַרזייטן אויפן שניי
איבער נאַכט אַ פויסט איז אויסגעוואַקסן.

די טפּיסע שלינגט פון אינעווייניק איין דעם פּיין
און פון דרויסן—דעם שטעטלדיקן אומעט ;
לעוואָנע שניידט אין גראָטעס זיך אַריין
ווי אַ זעג אַ קרומע.

נאָר ס׳קאָן קיין גאָלד דאָס אייזן ניט צעזעגן.
שטערן ווערן פון אָנקוקן דעם צאַר נאָך בלינדער.
ס׳האָט אַ גאַנצן טאָג מיט פייערן גערעגנט
אויפן לייב פון גיין, ניין יונגע קינדער.

אַ גאַנצן טאָג איז בלוט פון זיי גערונען,
איצט גיסט די נאַכט אַריין דורך גראָטעס יאָדע ;
און שפּיקעס האָבן בלויז דורך יונגען אויסגעפונען
מיט וואָס עס זענען הערצער באָלשעוויסטישע געלאָדן.

דאָס טייכל שווייגט. ביידע ליפּן צו די ברעגן צוגעפּראָרן.
די טפּיסע־וואַך ביים טויער—פון קאָפּ ביז פיס מיט קוילן.
און אויפן טויער—דער רויב־אָדלער פון פוילן
צו מאָרדן איינגעשוואָרן.

.3

דאָס שטעטל ליגט אין שניי־טאָלן פאַרגליווערט,
נאָר דעם בעקערס ליולקעדיקער קוימען רויכערט אויפן דאַך.
פענצטערלעך פון שטיבער—טיפע אויגן־גריבער,
ווי סקעלעטן וואָלטן זיך אינמיטן נאַכט צעלאַכט.

אַז עס גיט פּלוצלונג אַ שניט־איבער דעם טרויער,
אַ טרויער נאָך אַ וויסטערער—אַוורעמלס אַ געוואַלט
פאַר אַלע קעמפער לעבעדיקע, וואָס זיצן איינגעמויערט
און אַרומגערינגלט מיט אַ ברענענדיקן וואַלד.

אַן אַרויסגעטריבענער פון הייזער וואַנדלט
אין די געסלעך שלאָף איבערגעריסענער.
און די מילדקייט פונעם שטעטל ווערט פאַרוואַנדלט
אין אַ טאָל מיט האַס. האַס פאַרביסענעם.

.9

שטייט אין ווייסן פעלד די נאַכט אויף שוואַרצע קני.
דער הימל הענגט מיט הייסע טשוועקעס צוגענאָגלט.
כמאַרעס אויף די הערצער. ס'ווערט אַ האָגל
דאָ אַ האָגל־טאָן מיט האַס אַן אינדערפרי.

און די ערד וואָס שפּירט פאַרויס די שרעק
ליגט מיט זיבן שנייען צוגעדעקט.

אַוורעמל שטעכט די געסלעך דורך מיט זיין געשריי:
„נאָדלען אין די פיס . . . לייבער אויפן פייער . . .
נעקאָמע ווערט ניט זיס געגנוג זיין און ניט טייער" . . .
די ערד האָט אירע אויערן פאַרשטאָפּט מיט שניי.

און דער שטעטלדיקער זייגער עסט
מיט צוויי פינגער בלוטיקן מעסלעס.

.10

נאָך האַלבער נאַכט. אַ שטילקייט אַ פאַרדעכטיקטע.
אויפן קלויסטער־שפּיץ וואַקסט אויס אַ פלעק אַ לאַנגער—
ווי ס'וואָלט אַ קראָ, וואָס האָט ניט וואו צו נעכטיקן
אויף ציילעם גאָלדענעם זיך אויפגעהאַנגען.

ס׳מוז זיין אַ קראַ; ווי קען אַ מענטש דען אַזוי הויך דערגרייכן?
און וואָס עפּעס אינמיטן נאַכט—ווער וועט עס וואַגן?
דער פלעק אויף שוואַרצן הינטערגרונט איז בלייכער
פון לעוואָנע אויף זיין האַלדז, וואָס הענגט אַרומגעקראַגנט.

און נאָך אַ פלעק—אויף דאַך פון פּאָליציי, נאָר העלער
פונעם דאַך—האָט אין דער נאַכט דערלאַנגט אַ שאָטן
און פון אַ וועוויערקע נאָך שנעלער
אַ פּאָן פאַרצויגן און פאַרדראָטעוועט מיט דראָטן.

11.

פאַרטאָג. דער זייגער האָט זיך הייזעריק צעכריפּעט.
געסלעך האָבן זיך פון שטערן אויסגעפלאָנטערט נאָך שווערער מי.
ווינטן פראָסטיקע אַ וואָרף געטאָן,—ווי מעסערס אין די ריפּן
פון די הייזער—האָט דער בייזער אינדערפרי.

12.

ווער האָט עס געזען און ווער האָט עס געהערט,
פאָנען זאָלן אויסוואַקסן ביינאַכט פון אונטערדרערד.

פּיין האָט ניט דערשראָקן, טויט האָט ניט געשטערט,
פאָנען זאָלן אויסוואַקסן ביינאַכט פון אונטערדרערד.

אַף האַרץ און שלייף פאַרמאָסטן שווערד׳ און רעוואָלווער
און קיינער האָט ניט אָפּגעשטעלט די קאַמפן אונטערדרערד.

פון שטערנדיקן רוים אַרונטער איז אַ שטערן,
מיט דער וואַך געביטן זיך אויף פאָן פון קאָמינטערן.

פויערן געפראָרענע אויפֿן מיטן מאַרק
מיט וואונדער אויף די פענעמער און ווינטן אויפֿן קאַרק,

מיט אויגענעס פאַרריסענע צום קלויסטערנעם קופּאָל
וואָרט אין וואָרט געשריבענעם לייענען אויף אַ קאָל:

„פאַרייניקט אייך—פון שטעטלעך, פון דערפער און פון שטעט—"
„אַרונטער מיט פאַשיזם! זאָל לעבן אַ סאָוועט!"

אויף פענעמער דער וואונדער אין לענג און אין דער ברייט—
עך, באָזשע טי, עך מילענקי—מיט אָרעמקייט פאַרשנייט

די פויערן, די דערפער, די כאַטעס און די ערד—
ווער האָט עס געזען און ווער האָט עס געהערט:

אויפֿן טפיסע־טויער, ביים ריכטער אויפֿן פּלויט
—קיין פייער האָט ניט אויסגעברענט, טויט האָט ניט געטויט —

פאָנען זענען אויסגעוואַקסן ביינאַכט פון אונטערדרערד.
ס'האָט יעדערער געזען און יעדערער געהערט!

13.

סעדער פאַרסמאַליעט. פּלויטן פאַרברענט.
גערטנער באַשאָטן מיט אַשיקן קרעץ—
איז אַ סרייפע געוועזן.

האָט אַ פייער פאַרלענדט
האָב־און־גוטס אין איין נאַכט.
ס'איז געוועזן אַזוי: ס'איז געוועזן ביינאַכט
און אַ פלאַם נאָך אַ פלאַם

האָט געצונדן ווי קין
אַ הויז נאָך אַ הויז,
אַ דאַך נאָך אַ דאַך.
האָט געבלאָזן אַ ווינט
און געפּייפט און געלאַכט
און געוואָרפן פון מויל
אַ פלאַם נאָך אַ פלאַם,
אַ צונג נאָך אַ צונג
אויף דעכער און ווענט.
און דאָס דאָרף האָט געברענט
ווי אַ טרוקענער קאָרב.
האָבן כאַטעס געקנאַקט,
האָבן באַבעס געוויינט,
האָבן פונקען באַזייט
מיט שטערן דעם טראַקט.

ס׳איז געוועזן אַזוי.
ס׳איז געוועזן ביינאַכט—
איז אַ פייער אַראָפּ
אויף אַ בוידעם מיט היי
און פון בוידעם אויף דאַך
און פון דאַך אינעם הויז
און פון הויז צו די שכיינים
איז דער פייער אַרויס.

— — — — — — — — — —

ווי אַ כאָלעם אַוועק
איז אַ דאָרף מיטן רויך.
אַ קוימענס אַ האַלדז,
אַן אויוונס אַ בוין—

אײדעס פֿאַרברענטע,
אײדעס פֿון שרעק.
נאָר די װינטמיל אַלײן,
אָן אַ זײט פֿונעם װעג,
דרײט און מאַכט מיט די הענט
און אַ הונט הערט זיך אײן,
װי זי רעדט און דערצײלט:
„ס'איז געװעזן אַזױ, איז געװען.
ס'האָט אַ פֿײער די כאַטעס פֿאַרלענדט.
די נאַכט אױף מײן שװיס ניט אַרױף איז דער װינט.
כ'האָב פֿונװײטן געזען װי ער לױפֿט און ער שפּרינגט
און װאַרפֿט פֿון זײן מױל אַ פֿלאַם נאָך אַ פֿלאַם
און ס'צינדן זיך הײזקעס װי בינטלעך מיט קין.
אַ פֿלאַם נאָך אַ פֿלאַם. פֿון דאַך אױף אַ דאַך —
און ס'דאָרף איז געװאָרן אַ רױטער קאַמין;
און אַ מאַן װי אַ שפּיז, זאַלבענאַנד מיטן װינט
זענען גלײך מיט פֿאַרטאָג װאו אַװעק אַף געשװינט."
— — — — — — — — — — —
איז געקומען צורײטן פֿון שטאָט פּאָליצײ
און פֿאַרפּראָטאָקאָלירט דעם אומגליק אַזױ:
„דאָס דערפֿל ספּיטשקי איז אַװעק מיטן פֿײער.
די פּױערן װילן ניט צאָלן קײן שטײער."
פֿינף שפּינען אױף פֿערד אין פּאָליצײסקע מונדירן
זענען מיט שמײכלען אַװעק ראַפּאָרטירן:
„מיר מאַכן באַקאַנט,
אַ קאָמוניסטישן נעסט
האָט אַ פֿײער פֿאַרברענט, פּאַן קאָמענדאַנט!" . . .

.14

א.

פון ווילנע ביז גראָדנע איז ניט קיין מעהאַלעך —
דעם גאַלאַכס אַ זון איז אַנטלאָפן פון גאַלאַך.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

מיטינקאַ, קרוינדעלע, קום צו מיר צוגיין,
איך וועל דיר געבן וואָ׳ דו ווילסט אַליין.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

איך וועל דיר געבן — ניט ווער קיין באָלשעוויק —
וואָס דו ווערסט פאַרלאַנגען, אַבי קום צו מיר צוריק.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

וואָס טויג דיר אויף דערפער בונטעווען די פויערן —
הימלען האָבן אויגן, פעלדער האָבן אויערן.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

דער פוילישער אָדלער איז אונדזער אַלעמענס באַשיצער —
אַ לעבן אַ גאַנצן אין טורמע וועסטו זיצן.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

יעזוס זאָל באַשירמען, מאַריאַ זאָל באַוואַכן —
קום צוריק אַהיים מיט אַלע דיינע זאַכן.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

גאָט איז אַ פאָטער און מיר — זיינע קנעכט.
ס׳איז גוט צו זיין אַ גאַלאַך, ס׳איז גוט צו זיין אַ קנעכט.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

ב.

זונטיק. אין קלויסטער האָבן גלאָקן ניט געקלונגען.
מיטיען דעם גאַלאַכס האָט מען אָפּגעהאַקט די לונגען.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

פון ווילנע ביז גראָדנע איז ניט קיין ווייטער שפּרונג,
ביי מיטיען דעם גאַלאַכס האָט מען אָפּגעשניטן די צונג.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

אינדרערד אַזאַ גאָט מיט יעזוסן אינאיינעם,
דער גאַלאַך קיין טפילעס וויל מער ניט לייענען.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

און ס׳ברענט אין זיין האַרצן אַ פייער און טליעט —
איידער לעבן אַזאַ לעבן, בעסער שטאַרבן אויף טליעס.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

ג.

מאָנטיק פאַרטאָג. אַ פערד מיט אַ שליטן,
צוויי פויערן ביים זייט און דער גאַלאַך אינמיטן.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

רופט מיך ניט „פּאָטער“, כ׳וויל זיין אייער כאַווער,
דער שניי האָט אָפּגעשליפן פון זיינע אויגן דעם זשאַווער.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

פּראָקלאַמאַציעס אין שליטן מיט אַ בינטל שטרוי פון אויבן —
זשאַנדאַרמען זיין ציילעם געמוזט האָבן גלויבן.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.
פון ווילנע ביז גראָדנע איז ניט קיין מאַהאַלעך —
דער גאַלאַך איז געוואָרן אויף אייביק אויס גאַלאַך.
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי.

.15

פונוואַנען קומט צו קינדער אַזאַ גוואורע,
צו מענטשן אַזאַ ווילן—פון וואַנען קומט ?
— דער עמעס האָט אַזעלכע הערצער אויסגעפורעמט,
דער גרויסער עמעס, וואָס איז דאָ אונטער דער זון.

# אַ פּענצטער פּראָטעסטירט

וואו איר ווילט האָט אָנגעשפּאַרט די זון,
נאָר ניט אין מיינע שויבן;
נאָך אינדערפרי, אַנטקעגן מיינע אויגן
ליגט דער טאָג דערשאָסן ווי אַ הונט.
אַז ווער קאָן זיך אַהין דערהויבן
צו די רייכע אויפן העכסטן שטאָק —
אַן אָרעמאַנסקער פּענצטער פּראָטעסטירט.

קוקט אויף אים אַ העגנענדיקער זאָק
מיט שוואַרצע אויגן־לעכער, ווי איינער זאָגט:
ווער־ווי־ווער, נאָר איר
דאַרפט ווייניקער פון אַלע זיך באַקלאָגן.

נעמט דאָס וואָרט אַ שוך און רעדט צווישן ציינער:
איך פינצטער אָפּ די וואָכן, לאָזט מיר אייך זאָגן,
ס'האָט די בויט זיך איינגעפרעסן אין די ביינער —

און מיר,
די אָרעמקייט קריכט שוין פון האַלדז,
אַנטשולדיקט פאַר מיין איבערשלאָגן —
האָט אַ טיר
אויף טרוקענע שאַרנירן*) זיך צעסקריפּעט;
אַז וואו אַ רעגן, אַ שוואַרציאַר
האָט ער דאָ געכליפּעט.
שטעלט זיך פאָר:
פופצנגאָרנדיקער פּיין —
ווי קען אין הויז פון זיבן שטאָק אַריין?

*) זאַוויעסעס

געלעבט אויף האַלץ, אויף שטיינקוילן און טאָרף —
שטייט אַן אויוון און ציטירט:
די קלענסטע הייזקע אויפֿן דאָרף,
— כּאָוויירים פּענצטער, זאַק און שוך און טיר —
איז שוין היינט באַקוועמער און מאָדערנער.

נעמט אַ פּראָסטע קו, טראָגט זי אויפֿן קאָפּ
אַ־לאַ־גאַרסאָן געשניטן אירע הערנער.

אויב עמיצער דעם עמעס ווייסט, ווייס איך—
איך, טאָפּ.

— — — — — — — — — — — — —

זיכער האָט דאָס פּענצטער אויף דעם זיך ניט געריכט,
אַז ס׳וועט קומען אין הויף צו אַ רעוואָלט;
ס׳האָט די זון געוואָרפֿן זיך מיט ליכט
ווי אַ רייכער שאַרלאַטאַן מיט גאָלד.
נאָר דאָרט, וואו אויסגעבראָכן האָט דער בונט,
ליגט נאָך דער טאָג פֿון אינדערפֿרי
דערשאָסן ווי אַ הונט.

# אַ טאַטע פּאַרוויגט

שלאָף איין, מיין קינד, כאַפּ שלאָף אַריין
ווי לאַנג דו קענסט נאָך שלאָפן.
אַ גרויסער מענטש וואָלט גליקלעך זיין,
ווען ס׳וואָלט אַ גליק געטראָפן
ער זאָל ווי דו, אַ קינד איצט זיין.
אַ קינד צו זיין מיינט: האָפן.

שלאָף איין מיין קינד, שלאָף איין און — שאַ,
מאַך צו די אייגלעך, גיכער.
ס׳איז אונדזער וועלט אַ שלעכטס אַזאַ
(אַ גוטע בלויז אין ביכער),
מען שרייט אין טויט-געפעכט: הוראַ —
און טויט זיין, מיינסט, איז זיכער?

די וועלט איז שלעכט—צו מילד דאָס וואָרט,
ביסט יונג נאָך צו באַנעמען.
נו, שלאָף מיין קינד, ניט דאָ דער אָרט
פאַר אַלצדינג געבן נעמען —
דער שלאָף איז ווייך, דער שלאָף איז טאָרט.
שלאָפסט ניט? — מעגסט זיך שעמען.

מען טראַכט אַמאָל פון פריינט, פון זיך —
פון טויטע טראַכט מען זעלטן.
שלאָף איין מיין קינד, שלאָף איין אַף גיך,
אַן אייסעק דיר מיט וועלטן —
פאַר אונדז אַ וועלט איז אַ פאַר שיך
אין קומענדיקע קעלטן.

פאַר אונדז אַ וועלט איז יעדע גאַס
מיט קינדער—וועלטלעך קליינע.
אַרויספלאַצן, ווי הימל פלאַצט
אין ביטערע געוויינען,
ווייל ס׳גרייכט די ליבע נאָר ביז האַס —
אַ, ביין מאָל טויזנט ביינען!

שלאָף איין מיין קינד, זאָל זיין גענוג
צו טראַכטן און צו וואַכן.
ווען איך, מיין אינגעלע, בין דו
וואָלט איך פון וועלטן לאַכן
און וואָלט נאָך איבערזעצט, געדרוקט
די פרייד אויף אַלע שפּראַכן.

נו, שלאָף מיין קינד—איילע ליו לי
די נאַכט וועט באַלד אַנטלויפן.
די זון? — די זון איז ניט דאַ־הי.
כ׳וועל אַפמאָרגן אינדערפרי
אַן אייגענע דיר קויפן:
אַ גאַנצע זון פון גאָלד־פּאַפּיר,
כ׳וועל קויפן אַלץ וואָס כ׳קען פאַר דיר,
אַבי שלאָף איין, שלאָף איין אַבי.
איילע־ליו לי, איילע־ליו לי
קיין שלאָף קען מען ניט קויפן.

# ניו - יאָרק ענפּאַס

.1

ער שטייט ביים טיר. די האַנט צעבויגן, ווי אַ לעפל.
און ליפּן שליסן זיך פּאַנאַנדער פאַר אַ סענט.
די אויגן האַלטן קוים זיך אונטער לעפּלען —
אַט שפּריצט דער צאַר אַרויף אויף דיל און ווענט,
אַט רייסט דער ווייטאָק אָפּ פון אים די קנעפּלעך.

.2

אַ שטיק צעקנייטשטע מענטש־געוואַנט—אַ גרויע.
זי זיצט מיט בלעכן פושקעלע ביים וואַנט.
דורך אַלע פענצטער שרייט די נויט אַרויס פון מויער
צו דער רייכסטער שטאָט אין רייכסטן לאַנד.
דאָס לאַנד איז טויב אויף אַלע אויערן.

.3

פיר רעדלעך פירן: איין האַלבן מענטשן קרעמלען
מיט בלייפעדערס, מיט קיי־גומי און נאָדלען.

— — — — — — — — — — — — —

באַלד וועט אַ נייער שטורעם מיט סנאַראַדן זיך צעיאָדלען
און מיליאָנען גופים, אָפּגעהאַקטע שוועמלעך
וועלן רעדלעך פירן,
ווי די פיר רעדלעך—אַן אָפּגעהאַקטן שוואָם.

וואָלף יונין

# מאַדאַם דיו פּאָנט

● לעצטנס

מאַדאַם דיו פּאָנט איז לעצטנס פּינצטער ווי די ערד:
איר הינטלס מעגעלע איז עפּעס קאַליע.
וואָס אַ פאַרשיווער פּעדלער קען, אַזאַ קאַנאַליע—
עס שטייט בוכשטעבלעך: „פּאַר בעטלער איז פאַרווערט אַריינדריינגען אַהער"—
דאַרף אים אָנטראָגן דער טייוול, אַקוראַט,
ווען איר פּודליק דרימלט אין האַמאַק.
וואַרט אויס, ס'וועט אים נאָך ניט אָפּגיין גלאַט, —
אַזאַ מין לוויזיקער פּענטאַק! . . .

● ביי טאָג

ניט אַנדערש, גאָט אַליין האָט זיך ווי אַ פּיאַווקע
אָנגעזעצט אויף איר;
אַ באַווייז: פּונקט אין איר טיר
האָט זיך אַ ווינטל אָנגעטשעפּעט דאַווקע
און קלאַפּט,
ווי אויפצעלאָכעס, ווייל איר פּודליק דרימלט.
ס'זיצט מאַדאַם דיו פּאָנט און טאַפּט
דעם הינטלס פּולסביים פּיסל
ווער ווייסט, אייך גאָט אין הימל,
וואָס האָט פאַר יעדנס אָטעם אַ ספּעציעלן שליסל —
ווער ווייסט, ווי זי דעם צאַר וועט איבערלעבן? . . .
דאָס אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט אין לעבן,
אויסער דעם פאַרמעגן פון איר מאַן;
און אויב, כאָלילע, גאָט זאָל היטן,

ס׳וועט דאָס הינטל שטאַרבן—
טאָ, ווער וועט דאַן
איר רייכטום אַרבן ?
אַז מיט אַזעלכע זיטן,
ווי איר פודליק, איז גאָר קיין מענטש ניטאָ.

מאַדאַם דיו פּאָנט איז לעצטנס ווי אַן אַלטע קראָ.
ס׳באַקומט איר ניט איר אייגן צונג אין מויל ;
זי רופט צען מאָל אַ טאָג וועטערינאַרן —
איינער זאָגט : פאַרקילט. דאָס הינטל גייט צו הויל . . .
דער צווייטער : ס׳ליידט זיין מאָגן אויף קאַטאַרן . . .
און מען פאַרשרייבט די בעסטע מעדעצינען
דריי מאָל אַ טאָג צום נעמען,
נאָר, ס׳קאָן ניט די מאַדאַם קיין רו געפינען
און פאַר וועמען אויסגיסן איר האַרץ, פאַר וועמען.

● פאַרנאַכט

די דינסטן גייען אויף די שפּיצן פינגער
און האַלטן אין דעם שאַרף פון זייערע קליידער ;
דער ווייטער קאָל פון הונגעריקן גאַסן־זינגער
דערגרייכט אַהער דורך דרייפאַך־דיקע ווענט
ווי אַ געשעפּטש פון אַ פּאַרצייטיק־אַלטן קיידער*).
צוויי אָנגעשפּיצטע אויגן שאַרף געווענדט
צום הינטלס הינטערכיילעך,
וואו עס שטעקט אַ דינער טערמאָמעטער ;
און פון צוקאָפּנס קוקט אַרונטער הייליק
אַ פּאַרטרעטער
פון באַרימטן הימל־טראָסט
מיט פולע אויגן פראָסט.

---

*) אָפּשפּרעכער

● באַגינען

אַריינגערעכנט די אַנטיקן—אַלע זייגערס שטייען.
מאַדאַם דיו פּאָנט האָט נאָך קיין אויג ניט צוגעמאַכט;
אויף פּודליקס בעטל אָרכידייען
האָבן זיך צעלאַכט.
די ביימער אַרום פענצטער ווי לאַקייען
האָבן שטיל זיך דורכגערעדט:
„* * * נאָך אַלץ אין בעט?"
און בלאַט צו בלאַט:
„נאָך אַלץ ניט ס'מעגעלע גערירט,
וואָס האָט אים אַזוינס פאַרשאַדט?..."

אין גאָרטן האָט געשמעקט מיט ספּירט.
ווי אַן אָפּגעטראָגענער קראַוואַט
די פּאַרטאָגיקע לעוואַנע
איז געהאַנגען אויף אַ שטערן
און זיך געהיט
עס זאָל פון שלאָף דער פּודליק ניט דערהערן
ווי זי הענגט;
אַז ניט—

מאַדאַם דיו פּאָנט איז רייך און שטרענג —
שטיל זאָל זיין איז איר פאַרלאַנג,
געדענקט—
ס'ליגט איר הינטל קראַנק...

# דאָס האַרץ אויף אַ קייט

דאָס האַרץ אויף אַ קייט,
ווי אַ הונט
איז צו מיר צוגעבונדן.
אין קאָפּ: אויגן צוויי —
אייביקע צוויי וואַגאַבונדן.
מיין צונג —
אַ שווערד אין אַ שייד.
מיינע רייד —
אַ געבול פון אַ הונט,
וואָס האָט רו ניט געהאַט
און קיין רו ניט געגעבן.
מיין לעבן —
אַ סאַלאַט
פון טרויער און פרייד;
נאָר מיין האַרץ
איז נאָך ווילד.
כ׳האַלט עס דערפאַר אויף אַ קייט
און איך שילט
זיך אַליין אין דער שטיל.

וואָלף יונין

# בענדעט בעקער

.1

דער מענטש פון װעלכן ס׳רעדט זיך דאָ, הייסט בענדעט.
זיין פולער נאָמען שרייבט זיך: בענדעט בעקער.
זעקס טעג האָט ער אויף אַרבעטן אין שאָפּ פאַרװענדעט,
דעם זיבעטן איז ער געשלאָפן רואיק, אַן אַ װעקער.

איינמאָל אַ מאָנאַט איז ער געגאַנגען זען טעאַטער,
איינמאָל אין צװיי—באַגעגענען באַקאַנטע;
װאָס־עמעס־איז, ניט אַלעמאָל איז ער געװען אַ זאַטער,
געװאוסט, אָבער, װער שילער איז און דאַנטע.

די צייט דערװייל איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן.
די זאָרג האָט זיך אויף אים געלערנט קנייטשן שרייבן;
ס׳האָט בענדעט אָנגעהויבן אומרואיקער שלאָפן,
גענומען שרעקן זיך מיט זיך אַליין צו בלייבן.

און פרילינג־צייט, אַז ס׳האָט מיט שפּראָץ גענומען שמעקן,
האָט זיך עפּעס יאָ זיין האַרץ דערפילט אַביסל איינגער.
נאָך ניט קיין דרייסיק און—אַ גוף, װי אַ געבויגן שטעקן,
צװיי דאַרע הענט מיט פאָדעמדיקע פינגער.

עלף יאָר פון אָנהייב לעבן האָט ער זיך געאיינגלט,
צום צװעלפטן—זיך אַן אַרבעט אויסגעלערנט;
און יעדעס יאָר האָט זיך אַזוי מיט יאָר געריינגלט.
די האָפנונג האָט אים פון אַ זייט בלויז צוגעשטערנט.

אַזוי האָט ער זיין צייט געזוכט פאַרטיילן ווי אַמבעסטן,
כאָטש די צייט האָט שטענדיק שווער געלאָזט זיך טיילן.
ניט קיין נאַר. אַ פראַצאָוויטער מענטש. מיט גוטע זשעסטן.
ער האָט פיינט געהאַט פון זיך צו גיין דערציילן.

.2

אַז אין אַ שיינעם טאָג איז אים די נויט באַפאַלן,
דעם לעצטן ביסן ברויט פון האַלדז אַרויסגעריסן
איז בענדעט בעקער ניט געוועזן ביי זיך געפאַלן—
פאַרקערט, נאָך שטילערהייט זיך צוגעוויצלט:
„די נויט וויל ווערן מיינס אַ קאַלע" . . .

די גאַס האָט אויסגעזען אַזוי געראָם און ליכטיק.
סהאָט געשטראָמט מיט מילדער לופט פון צוויטן;
נאָר עפּעס האָט אים אויסגעוויזן דאָ ניט ריכטיק: —
אַ לעבן אָפּגעשניידערט און צעביטן
אויף ברויט און ס'מינדעסטע נאָר, וואָס איז וויכטיק.

און אָפּגעשפּאָרט . . . דאָס קאָן מען דאָך אומזיסט ,אָן אַרבעט קריגן.
די זון האָט ווייך געגלעט זיין דאַרן צווייגן־קערפּער;
ער האָט דערזען אין גאַס זיך ליגן אויסגעשפּיגן,
ווי ס'כאַפּט דער טויט אַרומעט מיט אַ סערפּ אים —
און אַלע זיינע יאָרן האָבן זיך אין אים צעשריגן.

.3

דעכצן יאָר האָט ער דעם שאַפּ אָוועקגעגעבן
און אויפן זיבעצנטן,
ווען ס'האָט אים טויט—אַ שטול געוואָלט דערלאַנגען,
האָט ער איינגעפּאַקט די אַכטאונצוואַנציק יאָרן לעבן
און זיי אויפגעהאַנגען.

.4

אַ מיעסער טויט. און וועלכער טויט איז דען ניט מיעס?
ס׳האָבן פרייגט גערעדט, געהיצט זיך און צעווערטלט.
— ס׳איז ניט קיין אויסרייד: דאָס לעבן ביטער, אָדער זיס.
— און אונדז האָט אויך דאָס לעבן ניט געצערטלט.
— אונדז האָט אויך דער שאַפּ צענאָדלט און צעביגלט.
און ס׳האָט די נויט ניט איינמאָל אָפּגעהאַקט די פליגל.
— — — — — — — — — — — — —

די זון האָט מיט אַן אויפגערעגטן פּאָנעם, אַ צעפלאַמטן
אין די וואָלקנס זיך אַריינגעביסן.
וואָלט בענדעט נאָר אַזוי פון מאַרקסן וויסן,
ווי פון דאַנטען —
האָבןביימער זיך די האָר פון קעפּ געריסן . . .

# אַ מאָדנער טאָג

אַ מאָדנער טאָג.
עס שמעקט מיט מאַי דעצעמבערדיקע ערד
און ס'האַלט דערבײַ, אַז ביימער זאָלן זיך מיט צוויט
צעלאַכן.
נאָך גרינעם גראָז האָט זיך צעבענקט אין שטאַל אַ פערד
ווי איך נאָך פרילינגדיקער ערד—
אַ מאָדנער טאָג,
ווּעסט לאַכן.

אַ מאָדנער טאָג.
עס שײַנט פאַרפירעריש די ווינטערדיקע זון
און ס'האַלט דערבײַ אַז אַלע מענטשן זאָלן זיך אַזוי
צעלאַכן.
די ווינטלעך דיריגירט מיט ווײַסן עק אַ הונט.
קיין שפּור פון אומעטיקער פאַרב, נאָר בלוי—
אַ מאָדנער טאָג,
ווּעסט לאַכן.

# און ווי אַזוי וועל איך אַהיימקומען?

און ווי אַזוי וועל איך מיט הענט מיט ליידיקע אַהיים קומען?
וואָס דער טאַטע זאָל ניט זאָגן—וועט ער זיין גערעכט: „פאַרוואָס
האָסטו זיך אויפגעהויבן און אַוועק פון הויז מיט שטורעם?"
מיט וואָס וועל איך פאַרשעמטע הענט מיינע פאַרטיידיקן, מיט וואָס?

איז עמעס טאַקע, טאַטע, אַז דאָס יאָרל איז געווען אַ גרעטעניש?
איז עמעס, אַז דער זומער איז געשטאַנען ביז נאָוועמבער לויטער?
פאַר מיר איז, טאַטעניו, די שטאָט נאָך אַלץ אַ שווערע רעטעניש.
און יעדער מויער איז אַ דענקמאָל נאָך זיין ערד דער טויטער.

שוין געקלעטערט און דערגרייכט דעם קאַלטן שפּיץ פון העכסטן טורעם
און ס'האָט זיך מיר דערמאָנט דאָס פייער, די וואַרעמקייט פון אויוון.
איז עמעס טאַקע, טאַטע, אַז איך בין פון דאָרף אַוועק מיט שטורעם—
טאָ, ווער האָט פערדלעך אונדזערע געפּאָיעט און צוגעזען די טויבן?

צו אַ יונגן פערד, וואָס שרעקט זיך נאָך פאַר שמידן און ווען באַגנען
פייפן
האָסטו מיר, טאַטעניו, פאַרגליכן: אָ, דאָס פייפן פלעגט מיך רייצן!
וועסט זיך וואונדערן, ווי שטאָט האָט מיך געשמידט און ניט באַגרייפן
ווי איך טראָג דעם כאָמעט אויף מיין האַלדז, אַ ניו־יאָרק—אויף מיינע
פלייצעס.

און וועסט זיך וואונדערן, ווי מאָדנע אין די לידער מיינע כ'רעד —
האָסט דאָך פעלדער ליב געהאַט און פּאָעזיע, ווי דיין לעבן;
נאָר דאָס, וואָס איך—דער זון דיינער—בין געוואָרן אַ פּאָעט
וועסטו, טאַטע, קיינמאָל זיך ניט שענקען, ניט פאַרגעבן.

פאַשען פערד, אַ פעלד פאַרזייען ; זאָל זיין אַרבעטן אויף שיפן,
נאָר ניט דער וועלט—ניט זיך—באַריידן און באַזינגען.
ס׳טרעפן נעכט, וואָס רוקן זיך אריין, ווי מעסערס אין די ריפן,
אַז דאָס בלוט הויבט אָן מיט שטיקער שטאָל צו קלינגען.

און ווי מענטשן אין אַ פייער נעמען ווערטער זיך צוזאַמענלויפן,
יעדעס וואָרט דאָס צווייטע וויל אַריבערשרייען.
ס׳טרעפן נעכט, כ׳בין מיט טרויער אָנגעטרונקען און באַזויפן,
אַז עס ווילט זיך מיר דיין פאָנעם, שטאָט דו הינטישע, באַשפייען.

איצט איז פרילינג. ס׳שמעקט די ערד מיט לייב פון קינדער.
און מען ריכט זיך הייַנטיקס יאָר זאָל זיין אַ הייסער זומער ;
נאָר אין מיינע אָדערן האַלט נאָך אָן דער ווינטער —
איך געפין מיך אין ניו־יאָרק, ווי אַ מויער אָן אַ נומער.

טאָ ווי אַזוי וועל איך אַהיים קומען מיט הענט, מיט ליידיקע,
און וואָס זאָל איך מיין טאַטן זאָגן ביים באַגעגענען,
ווען מיט פרעגנדיקע בליקן אויף מיין קאָפּ וועט רעגענען—
מיט וואָס וועל איך פאַרשעמטע הענט מיינע פאַרטיידיקן ?

וואָלף יונין

# „סאַן כואַן דע דיאָס"

אין הייליקן שפּיטאָל סאַן כואַן דע דיאָס
וואַקסן קראַנקע ווי גראָז.

בליט אין בלאָ, אין גרין און רויט
אויף די ווייסע בעטן—טויט.
פּאַלמען וויגן זיך—ווערט קיל.
טויט אין פרעמדן לאַנד איז שטיל.

און דאָס האַרץ קלאַפּט גיך און שטאַרק:
שיווע זיצן אויף אַ באַרג
וועלן וואָלקנס, וואָלקנס ווייסע
און דער ווינט וועט קריע רייסן.

ביימער ריידן—קוים מען הערט:
פּעט וועט ווערן באַלד די ערד.
און גיטאַרעס שפּילן צו:
ווייסע טעג אין שוואַרצער רו.

האַרץ, ניט ציטער. בלוט, ניט וויין —
וואו וועל איך אַן אייך דען גיין?

דאָ אין לאַנד ווערט שוואַרץ די הויט
און דערפאַר געפעלט דעם טויט
העלע הויט און בלאָנדער קאָפּ—
וואַרט ער ביי דער טיר מיר אָפּ.

קלאַפּט דאָס האַרץ מיט שטאַרקע קלעפּ
ווי אַ שטיין וואָלט ציילן טרעפּ.

אויפן זייגער רייט די צייט
און די זון אַ וואָלקן קייט ;
קייט די זון און ווערט ניט זאַט,
זויגט דער ווינט אַ קאָקאָס־בלאַט.

אין מיין היים אַ שטערן טרויערט
מיט אַ פעלד־הונט ביי אַ מויער.
ערגעץ אין אַ ווינקל וועלט
בליט איצט נאַכט, בליט איצט קעלט.

בליט אין בלאָ, אין גרין און רויט
אויף די ווייסע בעטן—טויט.

וואָלף יונין

# יאָ, צי ניין?

יאָ, צי ניט, אַרויסקומען מיט בליט —
טראַכטן צווייגן.
צעזינגען שוין זיך מיט אַ ניי ליד,
צי בעסער שווייגן —
יונגע פייגלעך ווייסן ניט.

— זאָל שפּילן, שוין, וויאָלאָנטשעל?
קלערט ביי זיך דער ווינט;
פרילינג יאָ, צי ניין? — דער וועלט
אַ פרעג טאָן, צי פרעגן גאָר אַ קינד:
שוין גריך, צי פאַראַיאָרעדיקער געל?

גיי ווייס: צי שמייכלען איז שוין צייט?
אַ טייכל טראַכט.
נאָך קיל... נאָר ס'פרילינגט שוין פון ווייט.
געצווייפלט האָט די נאַכט:
זיך אָנטאָן שוין אין וואָלקנדלעך פון זייד?

ניין, יע. יע, ניין?
שניידן זיך דעם וועלדעלע שוין צייך?
טראַכט, קלער —
עפשער קען דאָ זיכער זאָגן ווער:
יאָ, צי ניין?

## ווער ווייסט פאַרוואָס?

דער דימענטענער שניי איז שיין אַזוי.
ס׳איז טרויעריק—ווער ווייסט פאַרוואָס?
נאָר גוט אַזוי דעם האָז
אונטער פאַרשנייטן שטרוי.

עס קוקט אַ הונט צום האָריזאָנט,
ווי איך, און טרוימט.
אים האָט זיך אויך אין דער מינוט דערמאָנט
אַ גרין־צעלייגט שטיק פעלד אונטער אַ בוים.

דעצעמבערדיקע נאַכט איז וואונדערבאַר אין פראָסט.
טרויעריק, צו אַלדע־שוואַרצע יאָר,
איז מיר אין בלאָנדע—און דעם הונט אין ווייסע—האָר.

וואָלף יונין

# לעש אויס דאָס ליכט

.1

לעש אויס דאָס ליכט, דעם קלאַנג פאַרלעש
פון הייסע טאַמבורינען.
טו אָן מיין טרוים אין ווייסע וועש
און דאָס לעוואָנעדיקע מעש
פאַרהענג מיט די גאַרדינען.

דיין צאַרטן וואָרט פאַר מיר באַהאַלט
מיט קוש ביי מיר צוקאָפּנס.
ווי ס׳פּילט ביינאַכט אַ מידער וואַלד
אַזוי פּיל איך צום שלאָפן.

שטעל אָפּ דעם טייך. דעם ווינט שטיל איין.
לעש אויס דעם ווייטסטן שטערן־שיין.
דאָס ליכט פון גאָר דער וועלט לעש אויס
און גיי אַרום פון הויז צו הויז,
זויג אויס פון יעדנס האַרץ דעם רויש
ביז לעצטן אומרו־טראָפּן.
דעק מיך צו, מיין לייב איז קאַלט.
ווי ס׳פּילט ביינאַכט אַ מידער וואַלד
אַזוי פּיל איך צום שלאָפן.

.2

ב׳וועל
אוילן דעם אַקס פון דער ערד
און פון אַלע פּלאַנעטן די אַקסן,
פאַרהאַלטן די גראָזן פון וואַקסן
מיט טויט די ווינטן באַשטראָפן—

דו זאָלסט אומגעשטערט
קאָנען שלאָפן.

כ'וועל
פאַרהאַלטן ביי וועלדער דעם אָטעם
דעם גאַנג פון די טייכן פאַרצאַמען
און מיט דער שטילקייט פאַרקאַמען
אין שפּיגל דיין שאָטן.

# אַפּריל

בוים צו דער זון:
איך ליב אייך.
זון: איך—דיך, ווי־אַ מאָל.

אַ גרעזל אין טאָל:
ווינטל, נו! . . .
— נאַ דיר אַ קוש
און לאָז מיך צורו.

שטראַלן צו קנאָספּן:
עפנט די ליפּן.
קנאָספּן:
ס'אַ מוירע צו ליבן . . .

צווייגל צום ווערדל:
האָסט ליב, דו?
ווערדל צעלאַכט זיך:
הו־הו . . .

שטיינדל צום טייכל:
אַ גלעט—נו, גיב.
טייכל: ווער עס רעדט,
האָט ניט ליב.

אָקעאַנען צו הימלען:
און איר? — אַפּריל . . .
הימלען:
אונדזער ליבע איז שטיל.

# מאַיאָווער פלירט

אַ וואַלד פאַרטרויט זיינע געפילן
דער יונגער ערד
און שווערט ביי זיינע שטאַמען:
אַזוי זאָל יעדער בוים דערלעבן
אויסוואַקסן אַ מאַמע,
אַזוי זאָל יעדער וואָרצל מאַכן פאַר זיין בוים אַ לעבן—
ווי ער ליבט איר.

און זי, די ערד,
ליגט אַן אָפּיומירטע
און קלערט:
ווער קען זיך אויף שיינע רייד פאַרלאָזן —
ס'איז נאָר ביי אים אַזאַ מאַיאָווער פלירט,
אַ פרילינגדיקע פּאָזע.

# אין פרילינגדיקן רעגן

ווי גוט
מיט טראָפּנס פרילינגדיקן רעגן
אַ באָרוועסער זיך פּלאָנטערן אין גראָז,
אויג־אויף־אויג זיך געבן אַ באַגעגן
מיט אָפנהאַרציקייט פון שטראָמען
און פּראָסט —
ניט קאָנען אויסזוכן פאַר דעם אַ נאָמען.

ווי וואונדערלעך אונטער די שירעמער פון בלעטער
דאָס קושעריי פון רעגן, בלאַט און ווינט —
אַ דונער גיט זיך פּלוצלונג אַ צעשמעטער
און די ערד מיט אַ געלעכטער—אַ צעקלינג.

ווי טייער דאָן אין פעלד זיך טאָן אַ צי אויס
אַ נאַקעטער מיט ווינטן אויפן גראָז
און פּלאַפּלען ווי אַ שמעטערלינג מיט וויעס
און צעפליגלען ווי אַ פערד — די נאָז.

ווי גוט.
ווי וואונדערלעך.
ווי טייער
פאַרן רעגן עפענען דאָס לייב
און דערנאָכדעם אָנטאָן זיך אין פייער,
ווי די זון זיך געבן אַ צעשרייב.

זיך געבן אַ צעשרייב אַזאַ מיט פלאַמען
און אָנצינדן איעדן רעגנדיקן טראָפּ —
אַי, וואָלט איך געוואָלט מיט ווינט צוזאַמען
אַ גלעט־טאָן דעם וואַלד איבערן קאָפּ

און זיכער זיין מיט דאָנערשטיקס און מאָנטיקס,
ווי הימלען זיינען זיכער מיט דער ערד.
אַנטשולדיק, שמעטערלינג
— אויף קאַמפן איז דאָס לעבן אָנגעוויזן, קאָנטיק —
און זאָל מיר אויך אַנטשולדיקן דאָס פערד.

ס'איז טייער, וואונדערלעך און גוט—נאָר, עפּעס פעלט דאָ.
מען דאַרף נאָך איבערקערן פון דער וועלט די פעל,
אַז אַלע לענדער באַפעלקערטע מיט פעלקער
זאָלן קאָנען אָנקוקן דיך, וועלט.

וואָלף יונין

# האַרלעם אין אָקטאָבער

.1

דאָס הויז אויף הונדערטעלפטער גאַס
האָט ניט קיין פייער־לייטער,
קיין גאַנצן דאַך
און יעדעס צווייטע
טרעפּל איז צעבראָכן.
פון האָלץ די טרעפּ,
די אײַזוועלעך פון אײַזן
און בײַ יעדן שאָכן
ווינטעווען די טעפּ.

אײַגנטלעך איז עס: אַ גאַס
אין אַ הויז,
וווּ דער ווינט גייט אַרײַן
און אַרויס,
וואו דער רעגן שפּייט אָן
און די זון קומט ניט צו,
וואו ס'איז שטענדיק מיט אַלע
דער הונגער אויף דו.

.2

אַ טיש. אַ שטול. אַ הינקענדיק בעט;
און אין שיקלדיקן פענצטער אײַנגעראַמט
קרײַזלדיקע קינדער־קעפּלעך — אַ פּאַמפּלעט
פון ווערטער לעבעדיקע זעקס געגראַמט:
האַרלעם.

צוועלף פולע אייגלעך נאַכט.
צוגעטוליעט מיט די בעקעלעך צו שויבן
זעקס קינדער. הונגערן אויף יעדער שפּראַך
זעקס סאַמעט־ברוינע טויבן.

ס׳פּליקט דער ווינט פון בוים אַ בלאַט
ווי אַ פערד פון זאַנג דעם לעצטן האָבער . . .
אַ פענצטער קינדער — זעקס פּעקלעך שאָקאָלאַד.
האַרלעם אין אָקטאָבער.

.3

איז געקומען אַ זשוק,
אַ פּרייס
און אַ גריל;
אַלע האָבן זיך געפּלייסט
אין דער שטיל
און צעטרייבערט און צענישטערט:
אַ מאַן! אַ ברעקל!
אַ סימען שפּייז —
נאָר אַ וויסטקייט,
דאָרט אין הויז באַגעגנט
וואָס פאַרדינט אַ פּרייז!
אַזאַ פּוסטקייט אין אַ גאַנצן געגנט,
אַזוי אויסגעליידיקט
פון אַ שטיקל ברויט,
אַז ס׳באַליידיקט
אַזש די מייז
אַזאַ מין נויט,
אַז עס שעמען זיך די טעפּלעך
גאָפּל־מעסער
פאַר די זעקס אין פענצטער,
פאַר די קינדער־קעפּלעך.

.4

**Pan . . . Amor . . .**

בעט דער פּאָפּוגאַי
שוין פאַר די לעצטע זיבן יאָר.
און פול איז נאָר
מיט מענטשן כאָרעווע דאָס הויז,
מיט פּאָרצעליי
מיט ביליקן דער שראַנק פאַר שפּייז
און די פּאַפּירענע, די רויטע רויז —
מיט שטויב.

.5

און דזשימי זעט:
דאָס שטיקל הימלדיקע זייד
איבער זיין הויז איז טראַנטע,
ווי דאָס הענגענדיקע גרעט.
און דזשימי הערט:
די גאַס אויף אַלע אירע ציינער שרייט —
אַזוי די שכיינים און זיין טאַנטע,
ווי פאַרוואונדעט פון אַ שווערד.
און דזשימי שפּירט:
די זיבן יאָר זיינע נאָך שווערער
פון די צייטונג פּעק.
דער טאַטע טרינקט פאַרסאַמטן ספּירט,
אין שולע שעלט דער לערער
און מיט שרעק
פאַר קומענדיקן ווינטער
זענען פול די בלוטיקע געפּעסן
פון אַלע קינדער אויף דער גאַס.
און דזשימי קאָן אין עסן ניט פאַרגעסן,

כאָטש ער פֿאָלגט דער מאַמען גערן;
אָ, ווען ער וואָלט קענען אין אַ נאַכט
אַראָפּגאַנווען פֿון הימל שטערן
און פֿאַרקויפֿן צו אַ יוּוועליר
און דאָס געלט אונטער זיין מאַמעס טיר
און אַלע שכייניםס טירן אונטערוואַרפֿן.
ווען ער וואָלט קענען:
האַרלעם ווי זי שטייט און גייט צעוואַרפֿן
און די אָרעמקייט
אין מיטן גאַס פֿאַרברענען —
דזשימי טרוימט בייטאָג אַ טרוים
און מיט דאַרע הענט טובערקולאָזע
שאָקלט צו דער שכיינעסדיקער בוים:
אָ־אָ דזשימי, אַז מען וואָלט אונדז ביידן לאָזן! . . .

6.

אָ, ניט קיין קלאַפּערשלאַנג קאָן אַזוי קלעמען
דיין לעבן אין זיין קלעם,
האַרלעם.
ס׳קוקט די זון אַפֿיר פֿון אונטער גרויע ברעמען
און טראַכט, אַז צווישן אַלע נעמען
איז קיין נאָמען גאָרניטאָ פֿאַר דעם
וואָס וואַרגט דיך, האַרלעם.

ערגעץ וואַלגערט זיך אין די אַרכיוון אַ פּאַפּיר
וואָס גאַראַנטירט דיין רעכט,
נאָר ווען אין פּאַרק עס קוקט אַ בוים אַף מיר
(און ס׳וועט אַ גאַנצער וואַלד מיט איידעס זיין פֿאַר דיר)
שטעכט ער מיר די אויגן מיינע, שטעכט
פֿאַר דעם טיפֿסטן אומגערעכט
קעגן דיר, האַרלעם.

7.

דער אָוונט וויקלט זיך אין קילן לייוונט
און ווינטן שלאָגן אויס דעם בראָנז פון שטייפע בלעטער.
ביים איסט־ריווער געשלאָסן ווערט אַ דריי־בונד
פון קעץ און הינט מיט — לעוואָניקן פראָפיל.
ווער עס זעט — דערזעט: נויט איבער די הייזער קלעטערט
און ווער עס הערט — דערהערט אין דזשאַזבאַנד־שפּיל
ווי דאָס לעבן ווערט אויף ברעקעלעך צעשמעטערט
און דעם בראָך פאַרשפּילן סאַקסאָפאָנען,
פאַרפּייקלען פּייקלעך —
ווער עס זעט — דערזעט: דאָס פאַלשע גאָלד פון דער לעוואָנע
מיט קינדער אין די פּעסלעך מיסט זיך קייקלען.

8.

דזשאַניס, טאָמיס טאַנצן. אינסטרומענטן פּאַטשן.
דזשאַז פאַרהילכט דעם הונגער מיט מעשענעם געוואַלט;
און אין אַלע הערצער טאַצט דאָס בלוט אויף טאַצן
מיט הייסן פּאַסאָ־דאָבלע — קאַלטן פּאַסטאָראַל.

9.

טאָם־טאָם, טאָם־טאָם
פּויקט דיין טרויער
מאָנאָטאָן,
ווי דער ווינט
אויף אַלטן בלעך:
טאָם!... דיין מאַזל איז פון פּעך,
טאָם!... פון קופּער איז דיין הויט
און פון שטיין דיין לעבל ברויט,
טאָם!... דיין פליייש איז האַלב־אומזיסט.

טאָם ! . . . דיין מיטאָג אויפן מיסט.
טאָם —
אומהיימלעך איז דער קלאַנג.
כ׳הער, עס וויינט אוראַנגאוטאַנג
אין דער ווילד פון ווילדסטן וואַלד . . .
טאָם־טאָם, טאָם־טאָם
פּויקט דער טרויער
מאָנאָטאָן,
ווי מיט קנאָכן
פון אַ מעס
פּויקט אַ שאָכן
אַ גערירטער
דורכן גאַנצענעם מעסלעס
אויף אַ שאַרבן —
טאָם־טאָם, טאָם־טאָם
יעדער טאָג פון וואָך
הייסט : שטאַרבן ! . . .

.10

האַרבסט איז ברוין און אייער הויט
איז ברוין, ווי רויער האָניק ;
ווער וואָלט גלויבן אַז אַ ברויט
אַף אַ טיש אַראָפּברענגען איז שווער,
ווי אַראָפּנאַרן לעוואָנע
אויף דער ערד.

שטאָל איז האַרט און אייזן — שטאַרק
און איר זענט האַרט און שטאָליק ;
נאָר ס׳האָט די נויט אין אייער קאַרק
איינגעפרעסן זיך ווי ראָסט :
נאָך אַ קינד, צי נאָך אַ קראָליק —
ס׳פרירט די אָרעמקייט זיי אויס, ווי פראָסט.

.11

דזשים. דזשאַן.
דזשאַן. דזשים.
ברויט איז פֿאַראַן,
נאָר, מ י ר האָבן ניט.
אַמעריקע איז
אַ וואונדערבאַר לאַנד;
פֿאַראַן טעלעוויז
און פּוטער און שמאַנט,
נאָר, מיר — פֿון דעם אַלעם —
וואָס האָבן מיר?

.12

דער הימל הענגט אין שטאָל אַן איינגעראַמטער
מיט שטערן אָנגעפּיקעוועט: אַ ביליקער געמעל.
ווערטער ריזיקע מיט פֿענימער פֿאַרפּלאָמטע
שרייען פֿון דער ווייטנס: „פּאַרק האָטעל".

פֿון הונדערטעלפטער גאַס ביז פּאַרק האָטעל ווי ווייט איז?
— שנייד אַדורך דעם פּאַרק און דו ביסט דאָרט.
איז אויב דו שניידסט, טאָ שנייד אויך דעם האָטעל און שנייד
ביז סאַמע האַרץ פֿון דאָלערנעם ניו־יאָרק.

און רייס אַוועק די ווענט פֿון יענע הייזער,
וואָס גרעבצן ניינצן גאָרנדיק פֿון צופֿיל זעט;
וועסטו דערזען אַמעריקע און אירע שפּייזער
און ווי עס שלאָפֿט מאַדאַם אַמעריקע אין בעט.

# האַפּן - שטאָט

אין פלאַמען פאַרבונדן דעם שפּיציקן קאָפּ
שטייט ביי דעם אָפענעם האַפן אַ שטאָט.
ווינטן אָרקעסטערס מיט כוואַליעס און כאָר
גיבן אָפּ אַ קאָנצערט ביים ראַנד פון אַ פאָרט.
און וואַסערן ברענען אין אָקעאַנען —
שווימען אין פייער פאָלקן שנייאיקע שוואַנען.
פלאַמט אין אָקטאָבער ביים האַפן אַ שטאָט,
אינדיאַנישער זומער ניט רויטער איז דאָרט . . .
ווער קאָן פאַרהיטען די פאַרב פון זיין אויג,
ווען אַלץ וואָס דו זעסט, וואו דו קערסט זיך איז רויט.
רויט און צעגליט. ווילד און צעצונדן.
די שיפן—גרייט און די זעגלען צעבונדן:
זעץ דיך און שווים אין די וואָלקנס אַריין!
טעג—פלעשער שאַמפּאַניער. יאַמען מיט ווייַן.

שטייט ביי דעם אָפענעם האַפן אַ שטאָט
און ציט זיך צו הימלען אויף לייטערס פון דראָט.
שטיינערנע הייזער, פאַרקאָשערט די פיס
פּרובירן דאָס וואַסער: געזאַלצן, צי זיס?

מיט רויטן געלעכטער די זון לאַכט אַריין
אין טאַנצנדע שפּיגלען פון יאַמיקן ווייַן.
און פריילעכע כוואַליעס פליעסקען מיט הענט:
שטאָט האָט איר אייגן געזיכט ניט דערקענט! . . .

# ס׳איז גוט אַזוי

ס׳וואָלט אומעטיק געווען און—ניט געטויגט,
אַז מיין ליד וואָלט אַלעמען געפעלן.
ווען ס׳וואָלט יעדערער מיין ליד צעפּויקט —
אונטער פרעגצייכן וואָלט מען מיך דאַרפן שטעלן.

ס׳איז גוט אַזוי. אַזוי גוט זיין קאָן נאָר דעם,
וואָס האָט דערזען, אַז ס׳האָט דער עמעס איינאונאיינציק פּאָנעם.
ניט געטויגט—און—ווי טרויעריק ס׳וואָלט געווען,
אַז מיין ליד זאָל אויך געפעלן מיינע סאָנים.

געוויס, געוויס האָב איך מיט אַלע כושים ליב
גערוכן פון נאַרציסן, פאַרבן פון טוליפּן.
וואָלט נאָר דאָס לעבן מיך געלאָזט—ווי כ׳וואָלט געליבט
און אויסגעקושט ביי אַלע טעג די שטייפע ליפּן.

נאָר מיט ליבע זיך אַרומטראָגן אין טאַש
אויפן שלאַכטפעלד פון מיין גאַס, מיינט: אַרומגיין אומבאַוואָפנט.
דער סוינע טראָגט זיין האַרץ, ווי אַ פאַלשן פּאַס
און איך בין מיט מיין סינע—אָפן.

ס׳איז גוט אַזוי. און ס׳וועט נאָך בעסער זיין,
ווען ס׳וועט מיין קלאַס קיין סאָנים ניט פאַרמאָגן;
דאַן וועל איך—אָנשטאָט דעם האַס וואָס כ׳טראָג אַריין
אין ליד—אויף יעדן ליפּ פון וואָרט—די ליבע טראָגן.

# אינהאַלט

זייטל